№ 12.

# וועגן ים און יבשה

פון י. נאוואגרודסקי.



פארלאג

„קולטור־ליגע"

ביאליסטאָק.

1920




דרוק מ. פרושאנסקי, ביאליסטאק.

13/4799

# וועגן ים און יבשה

## פון י. נאוואגראדסקי.

...יידישע ביבליאטעק
...עס ארכיוו

פארלאג
„קולטור-ליגע"
ביאליסטאק.
1920

# I. קאלכשטיינער.

ווער האָט דאָס ניט געזען קיין קאַלכשטיינער? —עס זיינען אָבער דאָ פאַרשיידענע קאַלכשטיי־נער: מארמאָרשטיין, פשוטער קאלכשטיין און קרייד. זיי אונטער־שיידן זיך בעיקר מיט זייער האַרטקייט. דער האַרטסטער איז מאַרמאָרשטיין, דער ווייכסטער —קרייד. די אַלע שטיינער זיינען אָבער זייער געראָטן איינער אין אנדערן, זיי זיינען ווי קרובים און בילדן איין משפחה פון קאַלכשטיינער.

די דאָזיקע שטיינער-משפחה איז זייער פאַר־שפרייט אויף דער ערד. ס'איז כמעט ווי ניטאָ קיין אָרט וואו מען זאָל ניט געפינען די קאַלכשטיינער. ערטערוויַז בילדן זיי מעכטיקע ערדשיכטן, וואָס ציען זיך אויף צענדליקער מיילן, א שטיינער, ווי ביי די בערגעס פון ניעמאן, ווי ביי די פוילישע שטעט: טשענסטאָכאָוו, קעלץ, קראקע, סוואלק און די קאַרפּאטן בערג.

לייגגאויס די בערגעס פון די ליטווישע טייכן,

דאָרט וואו „די ווילִיע, די ליטווישע מאמע, צום ניעמאַן זיך ציט", ציען זיך וויאָרסטן־לאנגע שטחים פֿון קליינע בערגלאך. דאָ וועט איר ניט געפֿינען קיין פֿעטע פֿאשע און פֿרוכטבארע פֿעלדער. דער באָדן איז דאָ מאָגער. באלד אונטער אים ליגן שוין שטיינער. דיקע, געלבלאך ווייסע שטיין־שיכטן. דאָס איז דער קאַלכשטיין. דער קאַלכשטיין, פֿון וועלכן ס'זיינען געבויט פֿיל הײַזער אין די שטעטלאך פֿון ליטע און פּוילן, וועלכן מען ברענט איבער אין קאלך, מיט וועלכן מען ווײַסט אויס טראָטוארן.

עס זײַנען דאָ אפֿילו בערג פֿון הוילן קאַלכשטײַן. געלערנטע מאַכן נסיעות צו די דאָזיקע בערג. זיי זוכן און קלײַבן עפּעס צווישן די קאַלכשטײַנער, זיי ברעכן און האקן אָפּ שטיינער און פֿעלזנשטיקער.

וואָס זשע זוכן זיי, די געלערנטע? אפֿשר אײדעלע שטיינער, בערג־אוצרות, גאָלד?

ניין! זיי זוכן מושלם! אײנפֿאכע מושלם.

אַזעלכע, ווי מען געפֿינט בײַם טײַך און נאָך מער בײַם ים-ברעג.

וואונדער פֿון אַ שטיקל קרײַט. —

— באַמת טאַקע, אין די קאַלכשטײנער געפֿינט מען מושלם אין מיטן שטיין, אין טיפֿעניש פֿון פֿעלז. אַנדערע זעען אויס, ווי מען האָלט זיי טיף אַרײַנגעהאַקט אין שטיין, אַנדערע שטעקן אַביסל אַרויס אָדער וואַלגערן זיך גאָר צופֿוסנס פֿון פֿעלז.

און ניט נאָר מושלם געפֿינט מען. מען טרעפֿט אויך רעשטלאַך פֿון אַנדערע ים-בריאים, וואָס זײַנען, אַזוי ווי, אַרײַנגעקוועטשט אין שטיין. און אַלע זײַנען זיי ים-בעלי-חיים און אַלע פֿאַרשטיי-נערט. און געפֿינען געפֿינט מען זיי אַ סך, גאָר אָן אַ שיעור, מען קען זיי צו מאָל ניט איבערציילן. מיליאָנען, מיליאָנען אַזעלכע טויטע ים-באַשע-פֿענישן געפֿינען זיך אין די קאַלכשטײנער.

אַזעלכע רעשטלאַך געפֿינט מען אויך זייער

אַ סך אין קרײַט. אין פּשוטן קרײַט, מיט װעלכן מיר שרײַבן, די ים-ברואימלאַך פֿון קרײַט זײַנען אָבער אַזוי קלײן, אַז מען קען זײ ניט זען מיטן אויג.

מען קען אָבער נעמען אַ שטיקל קרײַט, אָפּ־קראַצן אַביסל, און באַטראַכטן דאָס אונטער אַ מיקראָסקאָפּ. (1)

דאָ װעט איר איצט דערזען אמתע װאונדער.

דערלאַנגט אַ קוק אויפֿן געמעל № 1

דאָס זײַנען מושלס, אין װעלכע ס'האָבן אַמאָל געלעבט קלײנינקע מײערקעפּלאַך. צאַרטינ־קע, דינינקע, פֿײַנגעמאָכטע מושלס. דאָ האָט איר שטערנדלאַך און רינגעלאַך, שיפֿעלאַך און טעלערלאַך! דאָס זײַנען אַלץ שאָלעכצלאַך פֿון די קלײנע מײערקעפּלאַך, װאָס לעבן נאָך הײַנט אויך אין די ימים. זײ זײַנען אַ פּאָר צענדליק

(1) אַזוי רופֿט מען אַ מכשיר, אין װעלכער ס'זײַנען אַרײַנגעפּאַסט אַ פּאָר פֿאַרגרעסער גלעזער. דורך אַ מיק־ראָסקאָפּ באַקוקט מען גאָר קלײנע זאַכן, װעלכע מען קען ניט זען מיטן אויג.



1. קרייט אונטער א מיקראָסקאָפּ.

מאָל קלענער פון אַ שפּילקע־קעפּעלע און אין איטלאַך פּיצעלע קרייט איז דאָ אַ גוזמא אַזעלכע קליינינקע מושלים. אין יעדער גלאָז ים־וואַסער לעבן מער אַזעלכע מייערקעפּלאַך, איידער מענשן אין אַ גרויסער שטאָט.

אָט פון די מושלים פון די קליינע מייערקעפּ־לאַך איז צונויפגעשטעלט דער קרייט, וואָס אים

באַנוצן מיר צום שרײַבן. פון זײ זײַנען אויפֿגע־בויט די דיקע קרײַטשיכטן פֿון דער ערד, און די הויכע שפּיצן פֿון די קאַלכבערג.

פון וואַנען נעמען זיך ים־מושלם און ים־בעלי־חיים אינעווײַניק אין די שטײַנער? ווי קומען זײ אין די טיפֿעניִשן פֿון דער ערד? ווער האָט זײ פֿאַרטראָגן אויף די הויכע באַרג־שפּיצן?

ניט שוין זשע, זאָל עס זײַן אַ נס? יע! פריִהער האָבן מענשן טאַקע אַזוי געמײנט. אָבער הײַנט שוין ניט.

הײַנט ווײסט מען, אז מיר געפינען בלעריי ים־באַשעפעניִשן אינעווײניק אין די פֿעלזן, ווײל וואו ס׳זײַנען הײַנט די פֿעלזן, איז אַמאָל געווען אַ ים.—די־זעלביקע פֿעלזן זײַנען אַמאָל געווען דער גרונט פון ים; איבער זײ האָבן גערוישט די ים־כוואַליעס. אין די ים־וואַסערן זײַנען אַרומגע־שוואומען מיליאָנען־מיליאָנען פֿאַרשײדנאַרטיקע באַשעפֿעניִשן. דאָ זײַנען געווען פיש און ראַקעס, אַביסל געראָטן אָן די הײַנטיקע, און כל המינים

מיערקעפלאך, גרויסע און קליינע, אזעלכע, וואס לעבן נאך היינט אויך אין די ימים און אזעלכע, וואס זיינען שוין לאנג פארשוואונדן.

יאר־איין יאר־אויס פלעגן די באשעפעניש׳ן אפשטארבן און אראפפאלן אויפן גרונט ים. צו ביסלאכווייז איז דער גאנצער גרונט באדעקט געווארן מיט מושלם און ביינער. אנדערע מושלם זיינען געבליבן גאנץ, אנדערע—צובראכן, די האבן זיך צווויפגעפרעסט, די—צוריבן אין מעל. מיט דער צייט זיינען די אלע מושלם אלין מער צוזאמענגעדריקט געווארן און פון זיי האבן זיך דאס געבילדעט די דיקע קאלכשיכטן.

היינט ווייס מען דאס אלץ, ווייל מען האט דאס געזען מיט די אייגענע אויגן. די קליינע מיערקעפלאך לעבן נאך היינט אויך אין די טיפע ימים. וואסערקריכער, וואס לאזן זיך אראפ אין תהום פון די טיפע ימים, דערציילן, אז זיי קומט אדים צו זעין אימער א קאלכיקן בארן פון מושלם.

הײַסט דאָס, אַז װאָס ס'איז אַמאָל פאַרגעקו־
מען מיט טױזנטער און מיליאָנען יאָרן צוריק,
קומט נאָך הײַנט אויך פאָר אין די טיפע ימים
און אָקעאַנען.

אָט אַזױ, באַטראַכטנדיק פּשוטע שטײנער,
איז מען דערגאַנגען, אַז װאו ס'דערהײבן זיך
הײַנט שטאָלצע בערג האָבן אַמאָל ימים גערױשט,
און װאו הײַנט איז יבשה, איז אַ ים־גרונט גע־
װען. אַלע קאַלכשטײנער האָבן זיך אַמאָל געבילד־
דעט אין ים, װי האָבן זיך אָפּגעלײגט אין װאַ־
סער. זײ זײַנען ים־אָפּלײגונגען. ס'איז
דעריבער קײן װאונדער ניט, װאָס מען געפינט
אין זײ רעשטלאַך פון כלערלײ ים־באַשעפענישן.
װאָס פאַר אַ חידושדיקע זאַכן קען מען אַמאָל
אָפּלערנען פון שטײנער!

דער אײביקער גלגול פון ים
און יבשה. גוט. װײַכן מיר פון װאַנען האָבן
זיך גענומען אַלע קאַלכשטײנער. זײ זײַנען גע־
װאָרן אויפן גרונט ים פון די פאַרשיידענע

באשעפֿעניש, וואָס מיט זײ הימלען די וואַסערן.

אָבער ווי אַזוי קומען די קאַלכשטײנער אויף דער יבשה? ווי זײנען זײ פֿון ים אַרױס און זיך פֿאַרקליבן אויף די הויכע בערג?

אויף דעמזעלביקן אופֿן, ווי דאָס קומט אויך היינט פֿאָר...

מיט אַ יאָר הונדערט צוריק האָבן פֿישערס בײַם ברעג פֿון באַלטישן ים געמאַכט סמנים אויף אַ פֿעלז, וואָס האָט אַרױסגעשטעקט פֿון וואַסער. די סמנים זײַנען געווען פּונקט בײַם וואַסער, אויף איין הויך מיטן ים־שפּיגל. די פֿישערס האָבן געמאַכט די צײכנס, און גאָר אָן זײ פֿאַרגעסן.

פֿיל יאָרן זײַנען אַוועק, מען האָט זיך דערמאָנט אָן די סמנים, אױפֿגעזוכט זײ און באַקוקט. און וואָס האָט מען דערזען?

די צײכנס זײַנען שוין ניט געווען פּונקט בײַם וואַסער־פֿלאַך, נאָר אויף בערך 2 אַרשין העכער.

דאַמאָלסט איז פאר אלעמען געוואָרן קלאָר, אז דער גאנצער ים־ברעג, מיט די פעלזן, מיטן גרונט, אז אַלץ האָט זיך אין דעם קאַנט אין משך פון 100 יאָר אויפגעהויבן אויף געוויע 2 אַרשין.

דאָס מאכט אויס, אז אין איין יאָר הייבט זיך אויף דער ברעג פון באלטישן ים אויף א דריט־חלק פון א ווערשקע. אזא פאמעלאַכדיקן אויפ־הויבן זיך קען מען מיטן אויג ניט באמערקן, נאָר זאָל דאָס געדויערן יאָרן און יאָרן, טויזנ־טער און צענדליקער טויזנטער יאָרן, וועט זיך דער גרונט אַלץ מערער און מערער אויפהויבן, דער ים וועט אַוועקגיין פון ברעג, ער וועט אַזוי ווי אָפטרעטן און אויף זיין אָרט וועט ווערן יבשה.

דער ים וועט אַוועקגיין, אָבער וואוהין?—

אויב דער ים וועט אָפטרעטן פון אַן אָרט, וואָס האָט זיך ארויסגערוקט און געוואָרן העכער, וועט ער אנדערשוואו פארנעמען אזא אָרט, וואָס

איז געבליבן נידעריק,

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מען לעם שטאָקהאָלם, דער הויפּטשטאָט פון שוועדן, געפונען אויפן גרונט פון ים א שיפל מיט אן אנקער און, נאָך טיפער, א פישער-הײַזל. ס'קומט אויס אביסל וואונדערלאך: א הײַזל אין ים! די מעשה דערפון איז פשוט. די הײַזל איז אמאָל געשטאנען בײַ ברעג ים. דער ים האָט אָבער וואָס אַמאָל זיך אלץ מער אָנגערוקט אויפן ברעג און אים פארפלײַצט. ביסלאכווײַז איז דאָס וואַסער דערגאנגען ביזן הײַזל. ביז וואנען די הײַזל איז ניט געוואָרן אינגאנצן פארפלײַצט.

אזעלכע פאמעלאכדיקע און לאנגדויערנדיקע שינויים קומען פאָר מיט אלע ימים. ערטערווײַז הויבט זיך אויף דער ים-ברעג, אנדערשוואו לאָזט ער זיך אראָפּ. אזעלכע שנויים זײַנען אויך פאָרגעקומען אין די שוין לאנג פארלאָפענע צײַטן. די אינעווייניקסטע היץ פון דער ערד האָט געשפּארט דעם ים-גרונט פון אונטן ארויף

ס'איז געוואָרן יבשה, נאָכדעם—בערג אויף דער יבשה, און די קאַלכשטיינער זיינען פון גרונט ים אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין...

ציען זיך היינט טאַקע אַזעלכע בערגלאַך, ציען זיך אַזעלכע פעלדער אין אַ סך קאַנטן פון דער וועלט, ציען זיך אויך אַזעלכע בערג־לאַך וויאַרסטן־וויז ביי דער ווילִיע, „די ליטווי־שע מאַמע"...

ווי אַזוי האָט אויסגעזען אונ־זער קאַנט מיט מיליאָנען יאָרן צוריק?

ווייסן מיר שוין, אַז וואו מען געפינט היינט קאַלכשטיינער איז דאָס אַ ראיה, אַז אויף דעם אָרט איז אַמאָל אַ וואַסער געווען—דער ים.

קאַלכשטיינער געפינען מיר ניט נאָר אין ליטע און פוילן, נאָר כמעט אומעטום.

וואָס איז פון דעם געדרונגען?

אַז אויפן אָרט פון אונזער קאַנט, פון אַלע שכנישע לענדער, פון גאַנץ אייראָפּע, איז פאַר־

צייטנס געווען א גרויסער ים, דאָ האָבן אמאָל געבראַזיוט און געשטורמט די כוואַליעס. אין אונ־דער לעבן האָט דאַן געהערשט. ראַקעס, פיש, מייערקעפּלאך און פיל אנדערע משונהדיקע בּרואים זיינען ארומגעשוואומען צווישן די ים־גראָזן.

אָט אזוי האָט אויסגעזען אונזער קאַנט, נאָר דאָס איז געווען שוין זייער לאַנג, מיט מיליאָ־נען יאָרן צוריק. קיין מענשן זיינען נאָך דאַן ניט געווען.

## II. די אייביקע אַרבעט פון ים.

דער ים רוט ניט. ניט בּיי־טאָג, ניט בּיינאַכט. אויף קיין רגע בּלייבּט ער ניט רואיק, קיינמאָל בּלייבּט ניט דער וואַסערפלאך אינגאַנצן אויסבאַזעגלאך.

דער ווינט לאָזט ניט צורו דעם ים.

דער ווינט דריקט אויפן ים־שפּיגל און תמיד הויבּט זיך דאָס וואַסער און לאָזט זיך ווידער אַראָפּ. עס הויבּן זיך וואַסער־בּערג, עס בּילדן

זיך טאָלן. דאָס זײַנען די ים-כוואַליעס. שורותווײַז צ׳יען זיי זיך אײנע נאָך דער אנדע־רער און ס׳דוכט זיך דאָן, אַז דער ים קנײטשט זיך און װיגט זיך.

בעת אַ שטורעמווינט באקומען די כוואַליעס אַ מוראדיקן אויסזען, זיי וואַקסן אויס, ווי בערג, זייערע שפּיצן שוימען זיך. דער ווינט וואַרפט און שלײַדערט זיי אַהער און אַהין. ווי ווילדע, צורייצטע חיות וואַרפן זיך די וואַסער־בערג אין אַלע זײַטן. אַ גוואַלדיקער רעש צוטראָגט זיך דאַמאָלסט איבערן ברייטן, סופלאָזן ים.

„און האָט לויפן שוין אַנטקעגן,
ווילד און בײז מיט ווײַסן שוים,
כוואַליעס־לײַבן, כוואַליעס־שלאַנגען,
אויסגעוואַקסן פון דעם תהום,
אָט האָט זיך א טאָל געעפנט,
אָט שטײט אויף א הויכער באַרג...“

(פון יהודה הלוי).

מענשן, וואָס האָבן פיל אַרומגערײַזט איבער די ימים, דערציילן, אַז בשעת אַ שטורעם האָבן

זײַ געזעגן כוואליעס פֿון 7=8 קלאַפּטער די הויך. דאָס איז העכער פֿון א דרײַשטאָקיקן מויער!

אזעלכע ריזיקע כוואליעס זײַנען זעלטן. ס׳רוב אָבער, ווען דער שטורעם גײט אריבער, דער וועטער ווערט רואיקער,—ווערן אויך די כוואל־יעס רואיקער און נידעריקער, דאן פלושקען זײ זיך גאנץ פאמעלאך; א שטילער געריוש טראָגט זיך איבערן ים, ווי די כוואליעס וואָלטן זיך בודותדיקע מעשיות דערציילט.

„באַרואיקט איז דער ים, שטיל קײַקלט
ער די וועלן,
און לויטער קוקט ער מילד צום
הימל, צו דעם העלן.
עס דאכט זיך, ער, דער ריז, איז צום
באשלום געקומען:
ניט העלפֿן וועט זײַן ווארפֿן זיך,
זײַן ליאַרימען און ברומען
(א. רייזין).

ד י פ ס ד ר ד י ק ע פ א ר פ ל ײַ צ ו נ ג ע ן פ ו ן י ם ־ ב ר ע ג. צ ו פ ל ו ס א ו ן אָ פ ־ פ ל ו ס.

זאָל זיך אײַך אויסדוכטן, אז איר קומט צו־

פֿאָרן אין אגרויסע האפֿן-שטאָט.

באגינען. די זון שײַנט שוין פֿרײַלאך און זאָגט צו א גוטן טאָג.

איר אײַלט זיך צום האפֿן. אײַך ווילט זיך גי-כער באקוקן דעם ים, הנאה האָבן פֿון שײַנעם בילד, באטראכטן די שיפֿן, וואָס קומען אָן פֿון פֿארשײַדענע לענדער און די, וואָס לאָזן זיך איצט אין ווײַטע נסיעות.

נאָר וואָס איז געשען? — וואו איז דער ים? וואו זײַנען די ריזיקע ים-כוואליעס?

אנשטאָט דעם הפלאדיקן בילד, וואָס איר האָט זיך פֿאָרגעשטעלט צו זען, זעט איר גאָר אנאנדערן. אויף א גרויסן שטח ארום איז קיין וואסער ניטאָ. אנשטאט דעם ים, גאָר זאמד און בלאָטע, ריזיקע שטײנער אין זאמד און הויפֿנס ים-גראָז. די שיפֿן, מיט הויכע מאסטבוימער און ווײַסע זעגלען שטייען אָנגעבוינן אָן א זײַט, ווי אונ-טערגעשאָסענע פֿייגלען.

אנשטאָט א טומל און רעש, איז אליך, ווי

אויסגעשטאָרבן...

וואָס זאָל דאָס באדייטן?

גייט אחוץ איצט פון ים; קומט צו גיין אין א פּאָר שעה ארום.

ווידער זייט איר בײַם האפן. אָבער אזוי ווי דורך א כשוף האָט זיך אלץ ארום געביטן. דעם פריהערדיקן אָרט איז ניט צו דערקענען.

די זאמדן זײַנען מיט וואסער באדעקט, די פעלזן שטעקן נאָר די שפּיצן ארויס. די שיפן וואָס זײַנען פריהער הילפלאָז געלעגן אויפן זאמד, האָבן זיך אויסגעגלײַכט און שאָקלען זיך שטאָלץ אויף די כוואליעס. ארום איך איז א טומל, א געָרויש. מאטראָסן לויפן ארום, טרע־גערס און ארבעטער לאדן אוים די סחורות פון די אָנגעקומענע שיפן. בײַם האפן—אן עולם. מען באגלייט זײַנע קרובים אָדער באקאנטע, ווער ווארט אָפּ געסט פון מעבר לים.

אזעלכע שנויים אויפן ים קומען פאָר טאָג־טעגלאך. צוויי מאָל אין מעת לעת הויבט זיך

אויף דאָס וואַסערן און פאַרגיסט די נידעריקע בּרעגעס. צווייַ מאָל אין מעת לעת לאָזט זיך דאָס וואסער אראָפּ. דאָס איז דער צופלוס און אָפּפלוס. זעקס שעה געדויערט דער צופּלוס און פּונקט אזוי פיל—דער אָפּפלוס.

דער ים מאַכט הרוב זייַנע אייַנגענע ברעגעס. אויפן ברוק, אינטער די האָסער־רינעס פון אלטע הייַזער, קען מען באַמערקן פעסטע, הארטע שטיינער, וואָס אין זיי זייַנען אויסגעגראָבן גאַנץ טיפע גריבעלאך.

דאָס איז די ארבעט פון וואסערטראָפּנס!

יאָר־יעָרלאַך, בשעת א רעגן, פאלן אַראָפּ פון דאַך די וואַסערטראָפּנס און איטלאכס טראָפּעלע דערלאַנגט א האַק אין הארטן שטיין אַרייַן.

די ארבעט פון יעדן טראָפּעלע באַזונדער קענען מיר ניט באַמערקן. אָבער די טראָפּעלאך פאלן דאָך כסדר. אָן אַ שיעור רעגנטראָפּנס פאַלן אַראָפּ אויפן שטיין. און אַלע בשותפות קענען זיי אין משך פון יאָרן אויסגראָבן דעם

שטאַרקסטן שטיין און אַפֿילו אינגאַנצן אים
אַ דורכלעכערן.

וואַסערטראָפּנס זיינען שטאַרקער פֿון פֿעלזנ=
שטיינער!

היינט שבּעלט זיך שוין פֿאָר, וואָס פֿאַר אַ גע·
וואַלדיקע אַרבעט דאַרפֿן אויפֿטאָן די ים-כוואַל=
יעס, אויב זיי האַקן כּסדר אין ים-ברעג.

סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט, אָן אויפֿהער, קלאַפּן
די כוואַליעס אָן ים=ברעג; זיי לעקן כּסדר דעם
ברעג=זאַמד און שווענקען אים אַרויס. בעת
אַ שטורעם וואַרפֿן זיך די כוואַליעס מיט אַ ווילדן
אימפּעט אויף דער יבשה און רייסן אַרויס גאַנ-
צע ברעג=שטיקער. וואָס שוואַכער און זאַמדי=
קער איז דער ים=ברעג, אַלץ לייכטער איז פֿאַר,
די כוואַליעס אַרויסצושווענקען דעם זאַמד
דאָרט, וווּ דער ברעג איז אַ הויכער און אַ
פֿעלזיקער, דויערט דאָס חרוב מאַכן לענגער. די
כוואַליעס רייסן אָפּ די שוואַכע פֿעלזנשטיקער.
דאָס וואַסער דרינגט אַריין אין די פֿעלזנשפּאַלטן.

ניט קיין יאָר און ניט צוויי דויערט דאָס, — נאָר גאַנצע צענדליקער און הונדערטער יאָרן. די פעלזנשפּאַלטן ווערן ברייטער, דער שטיין נעמט זיך ברעקלען און ווערט סוף כל סוף צושאָטן. אין די קאַלטע געגנטן ווערט דאָס וואַסער אין די פעלזנשפּאַלטן פאַרפרוירן. פאַרפרוירענע וואַסער נעמט שפּאַרן אין שטיין; ער האַלט ניט אויס דעם דרוק און צושפּיט זיך.

אזוי ווערן דאָס צו ביסלאַכווייז צושאָטן די שטאַרקסטע פעלזן. דער ים מאַכט חרובֿ זיינע אייגענע ברעגעס.

דער ים אַרבעט פּאַמעלאַך, אָבער דערפאַר כּסדר. אַפּנים, ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז „שטילע וואַסער רייסט די ברעגעס“.

ווען די ים-בעלי-חיים און ים-פלאַנצן, וואָס העלפן חרוב מאַכן דעם ברעג. די ים-כוואַליעס האָבן מיט-העלפער, וואָס טוען דיזעלביקע צושטערונגס-אַרבעט, ווי דער ים. דאָס זיינען כּלערליי ים-

פלאַנצן און ים־בעלי־חיים.

ס׳זײַנען דאָ אזעלכע ים־פּלאַנצן, וואָס זײַ באַ־פעסטיקן זײַערע וואָרצלען אין די אונטערהאַסער־דיקע פעלזן, אָט די פּלאַנצן לאָזן אַרײַן זײַערע קלענסטע וואָרצעלאַך אין די דינסטע פעלזנ־שפּעלטעלאך. די פלאַנצן בלײַבן אָבער ניט רו־איק: די ים־כוואַליעס האלטן זײַ כסדר אין טרײַכלען. בשעת דער ים־פּלאַנץ טרײַסלט זיך, טרײַסלען זיך אויך די קלענסטע וואָרצעלאך, וואָס זיצן אין די שפּעלטעלאך פון פעלז. צו ביסלאַכווײַז ווערן די שפּעלטעלאך צוטרײַסלט פון זײַ ווערן גאנץ היפּשע שפּאלטן, אין וועלכע עס דרינגט אַרײַן דאס וואַסער.

צווישן די ים-בעלי־חיים זײַנען פאַראן כל המינים מײַערקעפּלאך, ווערים און שוואָמען, וואָס זײַ האָבן א טבע אדורכצוכזיערן, אדורכ־לעכערן פאַרשײַדענע שטײַנער. די דאָזיקע בעלי־חיים בוויערן זיך דורך גײַנג דורך די ווײַכע ים־געשטײַנער און צו מאל אויך דורך די הארטע

ים=גֶעשטיינֶער. אִין די אַלֶע גייענג דרִינגט אַריַין דאָס וואַסֶער. און אויב אִין אַ פֶעלז דרִינגט נאָר אַריַין וואַסער, וועט זיך שוין דֶער פֶעלז לאַנג נִיט האַלטן.

— דֶער ים קֶען אויך בויעֶן, נִיט נאָר צושטֶערן. דֶער ים אִיז טאַקֶע באמת א גרויסֶער צושטֶערֶער, אָבֶער אויך א בויעֶר און שאַפֶער. מִיט אַ שרעֶקלאכן אִימפּעֶט צושטעֶרט דעֶר ים זייַנעֶ ברעֶגעֶן, אָבעֶר עֶר בויט נייַעֶ יבשה מִיט גרויס התמדה.

די שטייַנֶער און פֶעלזנשטִיקֶער, וואָס דער ים רייַסט זיי אָפּ פון די הויכֶע ברעֶגעֶן, פאַלן אריַין אִין וואסֶער. ביסלאכוויַיז רייַבן זיי זיך אִיבֶער און ווערן צו זאמד.

דֶער זאמד ווֶערט אַלץ דינֶער און דִינֶער די כוואַליעֶס כאַפּן אונטֶער דעֶם זאמד און טראָגן אִים אַוועֶק מִיט זיך. די גרעֶסעֶרעֶ און שווערֶערעֶ זעֶמ-עֶלאך פאַלן אראָפּ אויפן גרונט, נאָנטעֶר צום ברעֶג. די קלעֶנעֶרעֶ און לייַכטינקעֶ—טראָגן זיך אַוועֶק

אין וויטן ים און פֿאלן דאָ אראָפּ אויפֿן גרונט.

די טייכן, וואָס פֿליסן אין די ימים, ברענגען מיט זיך פֿיל שלײם, זאמד און לײם. דאָס אַלץ בלײַבט אין ים און פֿאלט אויך פּאמעלאך אויפֿן גרונט.

דער ים-גרונט ווערט וואָס אמאָל אַלץ העכער און העכער און כּוח בּל כּוח באווײַזט זיך אויפֿן ים אַן אינזל.

די ים=כוואליעס וואַרפֿן ארויס אויפֿן אינזל אָן א שיעור ים=גראָזן און פּגרים פֿון חיות. אלץ ווערט פֿארפֿוילט און ביסלאכווײַז באַשאפֿט זיך אויפֿן אינזל א שיכט פֿון פֿרוכטבאַרע ערד. דער ווינט, די כוואליעס און ים=פֿייגלען פֿארטראָגן אויפֿן אינזל זוימען פֿון פֿלאנצן. די זוימען נעמען שפּראָצן, די פֿלאנצן פֿארמערן זיך און דער וויסטער אינזל ווערט פֿול מיט לעבן.

ווענן ים=בעלי=חיים, דאָס העלפֿן בויען די יבשה. א סך בעלי=חיים נעמען

אן אנטײל אין שאפן נײע יבשה. זײ העלפן דעם ים און זײן בױענדיקער ארבעט.

מיר האבן שוין געהערט װעגן די פונטשינקע מײערקעפלאך, װאס זײ קען מען זען נאר דורך פארגרעסערגלעזער. זײערע מושלם פאלן אין די מיליאנען אויפן גרונט פון ים. פון זײ װערן דאס ריזיקע קאלכשיכטן, װאס װערן שפעטער צו יבשה.

אויך אנדערע ים-בעלי-חיים בױען יבשה, נאר װעגן זײ װעלן מיר באריכות שמועסן א צװײטן מאל.

## III. װאס האבן מיר זיך דערװאוסט װעגן ים?

דער קאנט, װאו מיר װאױנען הײנט, א גרויסער טײל אײראפע און פיל אנדערע קאנטינענטן, איז אין די לאנג פארגאנגענע צײטן געװען א גרונט פון א ים.

אין די ים-װאסערן האבן געלעבט ים-פלאנצן און בעלי-חיים, בעיקר, האקעס, פיש און מיעה

קעפּלאך מכל א נדויסן.

בשעת די מייערקעפּלאך פלעגן שטארבן, פלעגן זיי אראָפּפאלן אויפן גרונט פון ים. אין משך פון פיל טויזנטער יאָרן איז דער גאנצער גרונט באדעקט געווארן מיט א דיקער שיכט מושלם, וואס זיינען פארבליבן פון די מייער-קעפּלאך.

יאָרן זיינען אוועק. די מושלם האָבן זיך צו-בויפגעדריקט און עס זיינען געווארן קאלכשיכטן.

אדאנק דער אינעווייניקסטער היץ פון דער ערד האט דער ים-גרונט זיך ביסלאכווייז ארויס-געשפּארט אינדערהויך. ס'זיינען געווארן אינזלען און גרויסע שטיקער יבשה.

אויף דער יבשה געפינען מיר נאך עד היום די קאלכשיכטן, וואס האבן זיך מיט פיל טויזנ-טער יארן צוריק אפגעלייגט אין די טיפע ימים.

די דאזיקע שנויים זיינען פארגעקומען מיט א פולע יארן צוריק, אבער זיי קומען פאר אויך היינט.

אויך היינט בילדן זיך אין די טיפע ימים אפּ-

לייגונגען פון מושלכ. ס'קען זיין, אז די דאזי-
קע אפלייגונגען וועלן אמאל ווערן יבשה,
מחמת אנדערע ברעגעס פון ים לאזן זיך צו
ביסלאכוויז אראפ, אנדערע, פארקערט, הויבן
זיך אויף.

פון תמיד אן פירט זיך א שטענדיקע מלחמה
צווישן ים און יבשה.

דער ים מאכט חרוב זיינע ברעגעס, ער רייסט
ארויס שטיינער און פעלזשטיקער און צורייבט
זיי אין זאמד. דער זאמד ווערט אוועקגעטראגן
אין ווייטן ים אריין און פון אים ווערן צו ביס-
לאכוויז באשאפן נייע אינזלען און נייע יבשה

דער ים ארבעט ניט אליין. אים העלפט די
לופט, די זון, די קעלט און, לסוף, די קינדער
פון ים: ים-פלאנצן און ים-בעלי-חיים.

# פארלאג „קולטור־ליגע“, ביאליסטאק

1. כללים פון אויסלייג.

2. קרילאווס משלים.

3. די שניי־מלכה, — י. פאט.

4. ביים סמא׳ער „

5. מאיא, „

6. מארגאריטקע, — אנדערסען.

7. וואס דער צימער דערציילט, — אווענאריוס.

8. א דין תורה מיט א קלאין, — י. רובין.

9. דער הארבסט־ווינט אויף דער רייזע, — ריינהיימער.

10. וועגן א קאין וואס האט אליין געמאכט אירע שפאצירן, — קיפלינג.

11. געאמעטריע, — מ. זאבלודאווסקי.

12. וועגן ים און יבשה, — י. נאוואגרודסקי.